ד״ר באָריס קאַדער

# אלעזר אַטלאַס—

## זיין לעבען, זיין שאַפען, זיין קאַמף

(דער אויסערגעוויינליכער דענקער און שרייבער וואָס האָט זיינע פרוכטבאַרסטע
יאָרען אָפּגעלעבט אין ביאַליסטאָק און איז דאָרט געשטאָרבען מיט 45 יאָר צוריק)



ניו-יאָרק

תש״ט — 1949

ד״ר באָריס קאַדער

# אלעזר אַטלאַס —
## זיין לעבען, זיין שאַפען, זיין קאַמף

(דער אויסערגעוויינליכער דענקער און שרייבער וואָס האָט זיינע פרוכטבאַרסטע יאָרען אָפּגעלעבט אין ביאַליסטאָק און איז דאָרט געשטאָרבען מיט 45 יאָר צוריק)



ניו-יאָרק

תש״ט — 1949

געווידמעט דעם ליכטיגען אָנדענק פון מיין טייערען פאָטער, מאיר קאדער ע"ה, און פון מיין טייערער מוטער, גוטע אַטלאַס־קאַדער ע"ה.

## פאָרוואָרט

אַ יישר כוח קומט פריינד דוד סאָהן, רעדאַקטאָר פון „ביאַל. שטימע", פאַר איינפירען אַ נייע וויכטיגע „פיטשור" — גרינדלעכערע אַרבייטען וועגען יענע ביאַליסטאָקער וואָס זיינען באַרימט געוואָרען בכל תפוצות ישראל, אין דער גאַרער אידישער וועלט, אַדאַנק זייערע גייסטיג־קולטורעלע אָדער פּאָליטיש־נאַציאָנאַלע אויפטוען און דערגרייכונגען. צו אַזוינע אַרטיקלען געהערען די לעצטענס געדרוקטע אַרבייט פון יצחק ריבקינד איבער מ. מ. דאַליצקי און שמואל־לייב ראַבינאָוויטשעס מאָנאָגראַפיע איבער ר' שמואל מאָהילעווער. צו אָט דער קאַטעגאָריע געהערט אויך די איצטיגע אַרבייט פון ד"ר באָריס מ. קאדער, איבער דעם באַרימטען בשעתו מלומד און גרויסען העברעאישען שרייבער, אַ ביאַליסטאָקער תושב פאַר אַרום צען יאָהר צייט, אלעזר אַטלאַס, וועלכער איז געשטאָרבען אין ביאַליסטאָק מיט 45 יאָהר צוריק.

ד"ר ב. מ. קאדער פון שיקאַגאָ, וואָס איז אונזערע לייענער ניט אומבאַקאַנט, איז, אגב, אלעזר אַטלאַסעס אַ קוזען. ער איז שטענדיג געווען פאַראינטערעסירט אין דער אָריגינעלער פּערזענליכקייט און שטורמישען אָבער טראַגישען לעבענס־גאַנג פון זיין באַרימטען קרוב און געניאַלען דענקער און פאָרשער. אין זיינע אינגסטע יאָהרען האָט פר. קאדער פאַרבראַכט אין ביאַליסטאָק, ביי זיינע קרובים, אַ שטיקעל צייט און טראָגט נאָך ביז איצט אין זיין זכרון טיפע שפּורען פון אלעזר אַטלאַסעס אייגענאַרטיגען כאַראַקטער און לעבענס־באַנעם. אויך פון זיינע עלטערען האָט פר. קאַדער ניט ווייניג זיך אָנגעהערט וועגען אלעזר אַטלאַסעס נאַטור און קאַריערע. ער, פר. קאַדער, איז אין אַ באַשטימטען זינען, דער אידעאַלסטער ביאָגראַף פון ר' אלעזר אַטלאַס, וואָס מיר קאָנען זיך ווינטשען.

ליידער איז אַטלאַס ביים לעבען ניט ווי געהעריג פאַרשטאַנען געוואָרען און נאָכ'ן טויט — צו שנעל פאַרגעסען געוואָרען. שפּעטער האָבען די יחידי־סגולה טיפער גענומען אַריינדרינגען אין זיין גייסטיגער ירושה און אָנערקענט די וויכטיגקייט פון זיין שאַפונג. איך דערמאָן זיך ווי, אין אַפּריל 1930, בעת מיין באַזוך ביי ח. נ. ביאַליק'ן אין תל־אביב, האָט דער גרעסטער אידישער נאַציאָנאַלער דיכטער מיט לויב און גרויס יראת־הכבוד גערעדט וועגען אונזער „ביאַליסטאָקער גרויסען בן־תורה און וויסענשאַפטסמאַן, אינאיינעם" און גערימט זיין שאַפונג.

קומט אַ דאַנק פר. קאַדער'ן פאַר זיין פּרעכטיגען עסיי, אַ באמת מייסטערהאַפטע מאָנאָגראַפיע, וועגען זיין גרויסען קרוב און געניאַלען דענקער און שרייבער ר' אלעזר אַטלאַס, פון וועלכען אויך די היינטיגע צייט קען פיל אָפּלערנען — ווי די לייענער פון דעם אַרטיקעל וועלען אַליין דערזעהן.

ד"ר הערמאַן פראַנק

וויצע־פּאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט פאַר געשיכטע פון ביאַליסטאָק

---

### א

מיט אַ יאָהר ניין אָדער צען פאַר זיין פריצייטיגען טויט (אין 1904) איז אלעזר בן דוד אַטלאַס, איינער פון די טיפּזיניקסטע און אינטערעסאַנטסטע קריטיקער און פּובליציסטען אין דער העברעאישער ליטעראַטור, אָנגעקומען אין ביאַליסטאָק.

געקומען אַהין איז ער אַן אָנגעלאָדענער מיט תורה, חכמה און גדולה. ער איז געווען ניט נאָר אַ גרויסער בקי אין תלמוד און זיינע מפרשים, אַ למדן וואָס האָט זיך געקאָנט פאַרמעסטען מיט די גרעסטע רבנים פון זיין צייט; נאָר ער איז אויך געווען פול מיט וויסען אויף די געביטען פון געשיכטע, ספּעציעל אידישע, אייראָפּעאישע שפּראַכען און מאַטעמאַטיק. גרעסערע אַרבייטען האָט ער שוין ביז יענער צייט (1895) געהאַט פאַרעפענטליכט אויפ'ן פעלד פון אידישער געשיכטע און חכמת ישראל. אָבער זיין אויסערגעוויינליכע שטאַרקייט איז געלעגען אויפ'ן געביט פון קריטיק — קריטיק ניט פון שיין־ליטעראַרישע ווערק,



אלעזר אַטלאַס (1851—1904)

נאָר פון געדאַנקען־סיסטעמען, ד. ה. אַנאַליז פון פּראָבלעמען און פון גאַנצע קאָמפּלעקסען פון פּראָבלעמען, אָדער פון וועלט־באַנעם פּראָגראַמען, און פון ברייטע אָנזיכטען איבער אידישע און אַלגעמיינע עיקר־פראַגען. אַזאַ דערגרייכונג, פאַרשטייט זיך, האָט איהם אַריינגעבראַכט ניט ווייניג פריינד און אָנהענגער, אָבער נאָך מעהר, אַ סך מעהר, שונאים און געגנער.

אַלע אייגענשאַפטען פאַר אַן אידעאישען קאַמף — וויסן, מוט, ערליכקייט, אומבויגזאַמקייט און קוראַזש — האָט אלעזר אַטלאַס געהאַט אין דער פולסטער מאָס. דאַרום האָבען געוויסע קרייזען פון ביאַליסטאָקער משכילים פאַר איהם מורא געהאַט, איהם פיינט געהאַט, אָבער גלייכצייטיג איהם רעספּעקטירט און מיט'ן גרעסטען אינטערעס דערוואַרט צו הערען פון איהם אַ וואָרט. וואָס איז שטענדיג געווען וואָגיק און אָנרעגענדיג פאַר יעדען ערנסטען העברעאישען לייענער אין די 80־קער און 90־קער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט.

אין די יאָהרען, וואָס ער האָט געלעבט אין ביאַליסטאָק, איז געבוירען געוואָרען די פּאָליטיש־ציוניסטישע באַוועגונג, פון וועלכער אלעזר אַטלאַס איז שפּעטער געוואָרען אַ קעגנער, אפילו אַ פאַרביסענער פיינד פון ד"ר הערצל'ס ציוניזם. ווי־זשע האָט עס געקענט מעגליך זיין, אַז אַטלאַס דער חובב ציון זאָל ווערען אַ שונא פון הערצלשען ציוניזם? דערויף וועט אונז ברענגען אַן

ענטפער דער טיפערער אַנאַליז, צו וועלכען מיר וועלען זיך אומ־קערען ווייטער אונטען.

„אויסוואַקסענדיג אין די טראַדיציעס פון דער אַלטער אי־דישקייט (שרייבט וועגען איהם נחום שטיף אין „יעווריעסקאַיאַ ענציקלאָפעדיא״), האָט אַטלאַס זיך צום ערשטען מאָל באַקאַנט מיט די השכלה־אידייען דעמאָלט, ווען זיי האָבען שוין געהאַט פאַרלוירען זייער צויבער־חן און איינפלוס, ווען דער גלויבען אין דער אַלמאַכט פון השכלה אַלס אַ פאַקטאָר פון אויסבעסערען און פאַרשענערען דעם אידישען לעבען איז שוין געווען אַוועק, פאַר־שוואונדען. ער איז געקומען צום אויספיר, אַז דער תהום, וואָס טיילט אָפּ די אידישע מאַסען פון דער אינטעליגענץ ווערט אַלץ ברייטער און טיפער, און אויס אַנטוישונג האָט ער זיך אַ קעהר געטאָן צום פאַרצייטיגען, טראַדיציאָנעלען אידענטום, צו דער אַלטער אידישקייט, וואו ער האָט אויך קיין פולע גייסטיגע רוה און באַפרידיגונג נישט געפונען. אַלס אַ מענש פון דער איבער־גאַנגס־צייט, מיט זיין גאַנצען שאַרפען מוח וואָס איז געווען אויס־געשליפפט דורך אַ זעלטען ברייטען און טיפען גמרא־לערנען, — איז אַטלאַס דאָך פאַרבליבען כסדר אַ וואַנדערער און זוכער אין לאַבירינט פון כמעט ווידערשפרעכענדיגע דעות און אָנזיכטען. און הגם אַ סקעפטיקער־ראַציאָנאַליסט, זעהט מען איהם דאָ פאַר־טיידיגען און דאָ באַקעמפען טאַקע אַלט־צייטיגע אידיש־רעלי־גיעזע אידעאַלען. און אַזוי אויך ווערט דער חובב־ציון פון די 1880־ער יאָהרען אַ קעגנער פון חיבת־ציון אין די שפעטערדיגע יאָהרען״.

אַטלאַס איז געווען אַן איש אמת. ער האָט געשריבען און גע־זאָגט נאָר דאָס, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר אמת, און האָט זעהר שטאַרק געליטען פאַר זיין אמת.

כדי בעסער צו פאַרשטעהן און זיך פאַנאַנדערקלייבען אין דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דעם דאָזיגען מערקווירדיג אינטע־רעסאַנטען און אויסערגעוויינליכען מענשען, איז נויטיג זיך צו באַקענען מיט זיין געבורטס־אָרט, מיט דער לופט, וועלכע ער האָט אין זיך איינגעאָטעמט, מיט דער סביבה, אין וועלכער ער האָט געלעבט, געשאַפען, און וואו ס'איז ניט בלויז געבוירען גע־וואָרען, נאָר וואו ס'האָט זיך צעבליהט און צעוואַקסען זיין גרוי־סער טאַלאַנט.

ב

אלעזר אַטלאַס איז געבוירען געוואָרען ראש חודש אדר ב' תרי״א (5 מערץ 1851) אין בייסעגאָלע — אַ קליין שטעטעל אין ליטע (קאָוונער גובערניע). דאָרט, ווי אין אַלע ליטווישע שטעט־לעך פון יענער צייט, האָבען די אידען געלעבט אין נויט און דחקות.

דאָס קליינשטעטעלדיגע „עמך״ האָט געצויגען די זעהר אָרימע פרנסה פון האַנדעל מיט די פויערים פון די אַרומיגע דערפער, און צווישען זיך האָט מען מערסטענס געלעבט בשלום, אָהן קנאה־שנאה. ביי די בעלי־בתים, די וואויל־לערנער, האָט יאָ עקזיסטירט אַ ביסעל קנאה — אָבער „לשם שמים״, ד. ה. אַ קנאה און שנאה, באַזירט אויף דעם, אַז דער אָדער יענער קען מעהר און בעסער לערנען און איז אַ גרעסערער ירא־שמים...

דאָס גאַנצע גייסטיגע לעבען פון בייסעגאָלע האָט זיך אָפגע־שפילט און אָפגעשפיגעלט אין שוהל און אין בית־מדרש. אידען פלעגען דאַווענען, לערנען, כמעט טאָג און נאַכט. די שוהל איז געווען אויך דער קלוב, וואו מען פלעגט פאַרברענגען, דורכרע־דען זיך וועגען קהל'שע ענינים און וועגען וועלט־פראַגען.

אַזוי האָט מען געלעבט אין די ליטווישע קליינע שטעטלעך אין דער צווייטער העלפט פון פאַריגען, דעם 19־טען יאָהר־הונ־דערט. בייסעגאָלע וואָלט, נאַטירליך, ניט געווען אַנדערש פון אַנדערע אַזעלכע שטעטלעך. פונדעסטוועגען איז בייסעגאָלע דאָך געווען אַנדערש. אַ קליינער, אויפן ערשטען בליק ניט־באַ־דייטענדיגער, פאַקט האָט אַרויפגעלעגט אַ באַזונדערען שטעמ־פעל אויף יעדען פון איהרע איינוואוינער און געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויפ'ן כאַראַקטער פון איהרע תושבים.

בייסעגאָלע האָט געהערט צום פוילישען פריץ קאַמאַר, חוץ צוויי הייזער, וועלכע זיינען געווען דאָס אייגענטום פון צוויי ברי־דער: פון מיין זיידען, ר' אליהו יוסף אַטלאַס ז״ל, און פון מיין מאַ־מעס פעטער, ר' דוד אַטלאַס ז״ל. די צוויי הייזער, אַריבערגעגאַנ־גענע צו זיי בירושה פון דורי־דורות, זיינען דעם פריץ קאַמאַר גע־שטאַנען ווי אַ ביין אין האַלז. ניט איינמאָל האָט דער פריץ אָנגע־באָטען צו די אַטלאַסעס אַ הויכען פרייז פאַר די הייזער, כדי ער זאָל קענען זיין דער גאַנצער בעל־הבית פון בייסעגאָלע, און באַ־רימען זיך פאַר זיינע פריצישע פריינט, אַז דאָס גאַנצע שטעטעל געהערט צו איהם, און ער קען טאָן מיט זיינע אידען וואָס ער וויל. די עקשנות פון די ביידע אַטלאַסעס ניט אונטערצוגעבען זיך און אָפצוהיטען דעם אידישען כבוד, האָט זיי ניט געלאָזען פאַרקויפען די הייזער פאַר קיין פרייז, ניט קוקענדיג אויף דעם, אַז ס'זיינען געווען צייטען, ווען זיי האָבען זיך זעהר גענויטיגט אין געלט, באַזונדערס מיין זיידע נאָך דעם, ווי ער האָט פאַרלוירען זיינע גרויסע געשעפטען.

און טאַקע אין דעם הויז פון דעם גרויסען תלמיד־חכם און גרויסען עקשן, ר' דוד אַטלאַס ז״ל, האָט דערזעהן דעם ליכטיגען שיין אַ ניי־געבוירען אינגעל, וועמען מ'האָט אַ נאָמען געגעבען אלעזר, און וועמעס גורל איז געווען צו ווערען אַ באַדייטענדיגער שרייבער, דענקער און קעמפער, באַקאַנט אין דער אידישער וועלט אַלס אלעזר אַטלאַס.

---

די האָדוואַניע און ווייטערדיגע דערציאונג פון אינגעל לאַזער, ווי די פאַמיליע פלעגט איהם רופען, איז געווען אַ שטרענג טראַדיציאָנעלע: פרומקייט, יראת שמים, חדרים און ישיבות. דעם פונדאַמענט פון זיין אומגעהייערען תלמודישען וויסען האָט געלעגט זיין פאָטער, ר' דוד, וועלכער האָט גע'שמ'ט פאַר אַ חריף און בקי. ר' דוד אַטלאַס האָט זיין גאַנצע פרייע צייט געווידמעט צו זיינע זין, הויפטזעכליך צו זיין עלטערען זוהן, מאיר, וועלכער איז אויסגעוואַקסען אַ באַרימטער גאון, רבי מאיר אַטלאַס, דער שאַוולער רב, — און צום אינגערען זוהן, אלעזר, וועלכער האָט שוין דעמאָלט אַרויסגעוויזען גאונישע פעאיגקייטען. די צוויי ברידער האָבען געלערענט צוזאַמען, און פאַר זיין פאָטערס גייס־טיגען בליק זיינען זיי שוין ביידע געשטאַנען ווי צוויי גרויסע גאונים־רבנים.

אלעזר איז געגאַנגען פון איין ישיבה צו דער אַנדערער און געשוואומען פריי אין ריזיג־גרויסען ים־התלמוד, און האָט מיט זיין שוין דעמאָלט פעסטען כאַראַקטער, באַשלאָסען ניט צו מאַ־כען רבנות פאַר אַ קאַריערע, נאָר האָט כסדר געלערענט „לשמה״. אין די ישיבות האָט ער איינגעזאַפט אין זיך די ראָמאַנטיק פון אַלטען בית־מדרש. די בענקענדיגע, מיסטישע ניגונים פון שוהל און בית־מדרש פלעגען קלינגען אין זיינע אויערען און מיט

איהם מיטגעהן וואוהין ער איז געגאַנגען, און איהם באַגלייט אויף אַלע זיינע לעבענס־וועגען. פון דעם אַלטען קוואַל האָט ער געקוויקט זיין דורשטיגע נשמה און געשטילט זיין גרויסען גייסטיגען הונגער. בעת ער האָט געלערענט אין דער ישיבה פון זאגער (ניי־זשגארי), אין זאַמוט, האָבען אלעזר'ס טאַטע־מאַמע פאַר איהם אויסגעזוכט אַ כלה פון זאגער טאַקע. צו 20 יאָהר האָט ער חתונה געהאַט, און זיך באַזעצט אין שטעטעל אַלס איידעם אויף קעסט. און ווען ער איז אַראָפּ פון קעסט, איז ער געוואָרען אַ שותף אין זיין שווערס געשעפטען און געוואָרען אַ קרעמער, און ווען ער האָט פאַרלוירען זיין נדן, איז די איינציגע מעגליכקייט זיך מפרנס צו זיין — זיך און דאָס ווייב און קינדער — געבליבען: מלמדות.

זאַגער, וואו אַטלאַס האָט אָפּגעלעבט אַ צען יאָהר צייט, האָט געהאַט אויפ'ן יונגען אַטלאַס אַ גרויסע השפעה. דאָס שטעטעל איז געווען באַרימט מיט איהרע „חכמי זאגער". דאָרט האָבען געלעבט אַ סך תלמידי חכמים און משכילים, וואָס האָבען צוגעגרייט אַ גאַנצען דור פון ליטווישע האַלב־פרומע, האַלב וועלטליכע טרעגער פון תורה און חכמה אין מיטען און אין דער צווייטער העלפט פון 19־טען יאָהרהונדערט. כמעט אַלע פּיאָנערען פון דער ליטווישער השכלה־תקופה זיינען געווען זאגערער, ווי ר' חיים ז"ק, ר' שמעון הורוויץ, ר' צבי קאהן, די ברידער מאַנדעלשטאַם און א סך אַנדערע. מיט פילע פון זיי האָט אַטלאַס זיך באַקענט און אָפּט פאַרקערט. זיי האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַ מופלג גדול, אַ מענטש מיט געניאַלע פעאיגקייטען, אָבער איהם אַליין האָט דאָס טיפע תלמודישע וויסען נאָך ניט גאַנץ באַפרידיגט. איהם האָט געצויגען צו מאָדערנע וויסענשאַפטען, און ער האָט אַליין זיך אַוועקגעזעצט מיט פלייס צו שטודירען מאַטעמאַטיק, געשיכטע, שפּראַכען און „חכמת ישראל" (מאָדערנע חקירות איבער אידישער ליטעראַטור, קולטור אַנטוויקלונג, סעמיטישע שפּראַכען א. ד. גל.). אין משך פון עטליכע יאָהר איז ער געוואָרען אַ טיפער קענער פון די דערמאָנטע וויסענשאַפטען, ספּעציעל אין אידישער געשיכטע און מאַטעמאַטיק. אין זאַגער האָבען זיך געפונען גרויסע פּריוואַטע ביבליאָטעקען, פון וועלכע אַטלאַס האָט באַקומען אַן אויסערגעוויינליכען וויסען אין אידישע און אַלגעמיין וועלטליכע לימודים.

אין זאגער האָט ער אָנגעשריבען זיין ערשטען אַרטיקעל, וואָס איז דערשינען (תרל"ה) אין שמואל יוסף פין'ס זשורנאַל „הכרמל". זיין טיפסטער באַגער איז געווען צו זיין אַ „סופר בישראל" — אַ שריפטשטעלער. דאָס קליינע זאגער איז שוין געוואָרען צו ענג פאַר איהם. אַ געוואַלדיגע צוציאונג האָט פאַר אים באַקומען וואַרשע מיט אירע חשובע צייטשריפטען — „הצפירה" און „האסיף", דורך וועלכע ער וואָלט געקענט רעדען צום גאַנצען אידישען פאָלק. אין תרמ"ד (1884), צו 33 יאָהר, קומט ער אָן אין וואַרשע און ווערט איינער פון די הויפּט מיטאַרבייטער אין דעם יאָהר־בוך „האסיף", אונטער דער רעדאַקציע פון נחום סאָקאָלאָוו. מען האָט איהם געמאַכט פאַר'ן הויפּט קריטיקער פון נייע ווערק אין פעלד פון „חכמת ישראל".

שוין אין זיין ערשטער אַרבייט פאַרן „האסיף" האָט אָט דער יונגער און אין תוך נאָך זעהר ווייניג באַקאַנטער העברעאישער שרייבער זיך אַרויסגעשטעלט פאַר אַן אויסערגעוויינליכען בעל־מוח. ער האָט געדאַרפט שרייבען אַ קריטישע איבערזיכט פון אַ באַרימט היסטאָריש ווערק אין דייטש — פון ד"ר ל. הערצפעלד'ס בוך „האַנדעלס געשיכטע דער יודען דעס אַלטערטומס", און נאָך איבער אַנדערע גאָר וואָגיגע ווערק.

שוין די רעצענזיע איבער הערצפעלד'ס בוך האָט אַטלאַס'ן באַרימט געמאַכט ביי די לייענער. ער, אַטלאַס, האָט אַרויסגעוויזען פולע זעלבסטשטענדיגקייט פון געדאַנק און פון צוגאַנג, און ניט קיין קלענערען וויסען איבערען ענין ווי דער מחבר פון ווערק גופא. אַטלאַס גיט פאַקטיש אין זיין אַרטיקעל אַ מין קורצע סקיצע פון דער אַנטוויקלונג פון האַנדעל צווישען די אידען אין אור־אַלטען לאַנד כנען, און אין אַנדערע טיילען פון פאַלעסטינע, וואו אידען האָבען געלעבט. און אין זיין קריטיק אויף דעם דריטען באַנד פון יצחק־אייזיק ווייס'ס „דור דור ודורשיו" (די געשיכטע פון דער תורה שבעל־פה) האָט אלעזר אַטלאַס געוויזען, אַז ער איז פולשטענדיג אין זיין אייגענעם עלעמענט, בשעת ער באַהאַנדעלט תלמודיש־געשיכטליכע טעמעס.

אויך אין נחום סאָקאָלאָוו'ס „הצפירה" האָט ער פאַרעפענטליכט אַ סך אַרטיקלען איבער לויפענדיגע פראַגען פון אידישען און אַלגעמיינעם לעבען, בעת אין „האסיף" האָט ער געשריבען כמעט נאָר קריטישע אָפּהאַנדלונגען — וואו עס האָט זיך טאַקע גלייך פון אָנהויב אַרויסגעוויזען זיין באַזונדערע שטאַרקייט. די חשובסטע אידישע צייטשריפטען, אין פאַרשידענע שפּראַכען, ווי דער „בית התלמוד" פון ווייס, די „מאָנאַטשריפט פיר די וויסענשאַפט דעס יודענטומס" פון פּראָפעסאָר גרעץ, די רוסיש־אידישע זשורנאַלען „וואָסכאָד" און „יעווריעיסקאָיע אָבאָזרעניע", פלעגען זעהר טיף און אינטערעסאַנט גענומען ווערען אונטער זיין אַנאַליטישען לייען־גלאָז און גרינדליך באַהאַנדעלט ווערען אין „האסיף".

אַלע זיינע שאַרפע קריטיק אַרטיקלען זיינען געווען אָנגעפילט מיט גרינדליכען וויסען און טיפען אַנאַליז, מיט אַ קריסטאַל־קלאָרען סטיל און זעלטען געזונטער לאָגיק. אָט־די קלוגע און קעמפערישע אַרטיקלען האָבען געצויגען אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. אין אַטלאַס'ן האָט דער לייענער, וואָס האָט אין יענער צייט מיט פיל מעהר ערנסט, אינטערעס און יראת־הכבוד זיך באַצויגען צו שרייבער ווי ביים היינטיגען טאָג, — גלייך דערזעהען אַן אויפגעהענדיגען ליטעראַרישען שטערן. מען האָט דאָ דערהערט אַ נייעם וואָרט, אַ נייעם געדאַנק, אַ נייעם צוגאַנג צו קריטיק, אַ נייעם מעטאָד, וועלכע אַטלאַס האָט אַריינגעבראַכט, און וואָס זיינען ביז איהם ניט געווען באַקאַנט. מען האָט איהם אָנגעהויבען פאַרגלייכען מיט די גרעסטע קריטיקער פון די וועלט־ליטעראַטורען, ווי אַ ביעלינסקי, אַ פּיסאַרעוו, אַ געאָרג בראַנדעס, אַ ר' צבי חיות, אַ לעאָפּאָלד צונץ.

א סימן־מובהק פון אַטלאַסעס קריטישע אַרטיקלען איז געווען זייער אויסערגעוויינליכע זאַכליכקייט, קלאָרקייט און לעבעדיגקייט. ער האָט ניט פאַרוואַסערט זיינע אייגענע אָדער פרעמדע געדאַנקען. פון דער ערשטער ביז דער לעצטער שורה איז יעדע אַרבייט געווען כולו געדאַנק. און אַרויסגעבראַכט האָט ער זיינע געדאַנקען אויף אַ לעבעדיגען אופן, באַנוצענדיג זיך מיט אַ זעהר געלונגענעם, צוגעפּאַסטען און צוגעמאָסטענעם מאמר חז"ל, מיט אַ וויץ, מיט אַ בילד פון לעבען, פון אַלטעגליכען לעבען, מיט אַ משל, וכדו'. אַזוי אַז דער געדאַנק איז, דורך די אַלע מיטלען, אַרויסגעקומען זעהר רעליעף, קלאָר, בולט, לעבעדיג און אינטערעסאַנט, באופן אַז דער לייענער האָט זיך סיי באַרייכערט, סיי איז אָנגערעגט געוואָרען נאָכצוטראַכטען ווייטער. אָטלאַסען האָט דער לייענער, לייכט און שנעל, ניט געקענט פאַר־

געסען. פאַרקערט! לאַנג איז איהם באַשערט געווען צו בלייבען אין זכרון פון די לייענער און זיי אָנרעגען כסדר צום נאָכדענקען און פאַרטיפען זיך אין אַן ענין. וואָס פאַר אַ גרויסער נחת־רוח דאָס איז פאַר׳ן שרייבער און געווינס פאַר׳ן לייענער!

---

אַטלאַס איז אַריין אין דער ליטעראַטור מיט שטורם, און ווי אַ וויכער האָט ער זיך געטראָגען דורך די צייטשריפטען, אין וועלכע ער האָט מיטגעאַרבייט, און כמעט פון ערשטען טאָג אָן פאַרנומען אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ. ער האָט זיך ניט גערעכענט מיט די אָנגענומענע און פאַרפונדעוועטע מיינונגען וועגען שרייבער און פאָרשער, ווי גרויס זיי זאָלען ניט זיין אין די אויגען פון די לייענער. אָנגעקלעפּטע „לייבעלס" און געשטעמפּעלטע אויטאָריטעטען האָבען אויף איהם ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק. מיט חשיבות און דרך ארץ פלעגט ער זיך טאַקע באַציען צו די מחברים, אָבער דער אמת, זיין אמת, איז שטענדיג געווען זיין אויסגאַנג־פּונקט. מיט׳ן כוח פון טיפען אַנאַליז, מיט אייזערנער לאָגיק, און גרויס וויסען האָט ער אָפּעריערט. דאָס זיינען געווען זיינע אינסטרומענטען.

די צוזאַמענאַרבייט מיט נחום סאָקאָלאָוו׳ן אין וואַרשע האָט לאַנג ניט געדויערט. אַטלאַס האָט נאָך 3־4 יאָהר מיטאַרבייט אין סאָקאָלאָוו׳ס „האסיף" און „הצפירה" גענומען אויפבויען אַן אייגענע בימה, פון וועלכער ער זאָל קענען לאָזען הערען זיין דרייסט וואָרט. די אַרבייט פון אָרגאַניזירען אַזאַ זשורנאַל, ניט האָבענדיג קיין אייגענע מיטלען, איז געווען אַ מסירת־נפש׳דיגע. ער איז געפאָרען פון שטאָדט צו שטאָדט אין די אינטערעסען פון זיין געפּלאַנטען זשורנאַל, און אין יאָהר תרמ״ח (1887) איז דערשינען דער זאַמעלבוך „הכרם". ער האָט איהם געוואָלט מאַכען פאַר אַ יעהרליכער אויסגאַבע, אָבער עס האָבען, ווייזט אויס, געפעלט מיטלען, און מעהר ווי איין באַנד איז ניט דערשינען. אָבער אַז ער האָט שוין געהאַט ניט נאָר אַ גרויסען נאָמען, נאָר אויך אַ נאָכפאָלגערשאַפט, זעהט מען פון דעם פאַקט, אַז צווישען נעמען פון די מיטאַרבייטער אין „הכרם" געפינט מען אַזוינע באַרימטע מענער אויפן חכמת־ישראל געביט, ווי שלמה מאַנדעלקערן, יעקב רייפמאַן, אברהם עפּשטיין, מ. י. בערדיטשעווסקי און אַנדערע. אַלע בייטראָגען אַטלאַסעס אין „הכרם" טראָגען ווידער די קלאָרע סימנים פון אָריגינאַליטעט און וואונדערליכער ערודיציע. מען זעהט, אַז ער איז אַ „יוצא ונכנס", אַ בן־בית, אין דער גאַנצער רבנישער ליטעראַטור, און געוויס אויך ניט פרעמד די מאָדערנע פּראָבלעמען און מעטאָדען. אַזוי למשל האָט ער אַ רעצענזיע איבער דעם „כנסת ישראל" (דער ערשטער גרויסער ביאָגראַפישער ווערטערבוך אין העברעאיש) פון שמואל יוסף פין, און פון אַטלאַסעס קוק און צוגאַנג וואָלטען געקענט נאָך היינט אַ סך אָפּלערנען די רעדאַקטאָרען פון ענליכע ווערק. צום באַדויערען איז דער ערשטער באַנד „הכרם" געוועזן, ווי מיר האָבען שוין דערצעהלט, אויך דער לעצטער.

די ביטערע נויט האָט געטריבען אַטלאַסען פון איין שטאָדט אין אַ צווייטער, פון איין פּרנסה צו אַן אַנדערער. נאָך פאַרשידענע וואַנדערונגען און גלגולים האָט ער זיך באַזעצט אין ליבוי, וואו זיין עלטערער ברודער, רבי מאיר, איז געווען רב, און דאָרט איז אלעזר אַטלאַס געוואָרען אַ קאָמיסיאָנער פון תבואה.

זיינע תבואה מסחרים האָבען אַטלאַסען ניט געבראַכט קיין גליקען. וועגען אָט דעם עפּיזאָד אין זיין ליידענספולען לעבען גיט איבער אַ פּאָר שטריכען יעקב מאַרק, אין זיין בוך „גדולים פון אונזער צייט", ווי פאָלגט:

„ער (אַטלאַס) איז אַ קנאַפּער סוחר געווען, ווי איך האָב זיך איבערצייגט אין די עטליכע יאָהר וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין ליבוי אַלס תבואה קאָמיסיאָנער. ער איז געווען אַ טעגלעכער באַזוכער אויף דער בערזע, און אַדאַנק זיין גייסטרייכער און וויציקער אונטערהאַלטונג האָט ער תמיד געהאַט אַ קרייז פון סוחרים אַרום זיך, וואָס פלעגען מיט אויפמערקזאַמקייט זיך צוהערען צו זיינע פּראַקטישע באַמערקונגען אין די ענינים פון תבואה־האַנדעל. קוים אָבער האָט ער אַליין געהאַט אַ וואַגאָן תבואה צו פאַרקויפען, פלעגט ער אַרומגעהן אַ צוטומעלטער מיט גרויס פּיזור־הנפש, גאָרניט מעשה סוחר, און פלעגט תמיד לייזען פאַר זיין סחורה ווייניגער ווי אַן אַנדערער, ביז ער האָט ביסלעכווייז אָנגעוואוירען זיינע קליענטען און פאַרלאָזען ליבוי".

זיין אויפהאַלט אין ליבוי האָט זיך געצויגען עטליכע יאָר צייט. דאָרט האָט ער, אגב, גענומען אַ שריפטליכען קורס אין בוכהאַלטעריע ביים באַקאַנטען בוכהאַלטעריע־לערער, יעקב מאַרק. אַלס בוכהאַלטער איז ער שוין פריער געווען באַשעפטיגט אין סעמיאַטיטש, אַ שטעטעל לעבען ביעלסק. אין יאָהר 1895 האָט אַטלאַס אָנגענומען די שטעלע פון אַ בוכהאַלטער אין דעם טוך־געשעפט פון באַקאַנטען ביאַליסטאָקער סוחר און חובב־ציון, אהרן יהושע שאַפּיראָ. אויף זיין שטעלע האָט ער געאַרבייט ביז שפּעט אין דער נאַכט, און זיין איינציגער פרייער טאָג איז געווען שבת.

---

אין די ערשטע יאָהרען פון אַטלאַסעס לעבען אין ביאַליסטאָק איז געבוירען געוואָרען דער ציוניסטישער געדאַנק און גלייך נאָך דעם — די ברייט־פאַרצווייגטע ציוניסטישע באַוועגונג. דער אמאָליגער חובב־ציון, אלעזר אַטלאַס, האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַלס אַ קעגנער פון דעם פּאָליטישען ציוניזם, און איז שפּעטער געוואָרען אפילו אַן אָפענער שונא פון הערצלשען ציוניזם. אויף זיינע שאַרפע אָנפאַלען האָבען איהם די ציוניסטען געענטפערט מיט נאָך שאַרפערע אַטאַקעס, און איהם געצאָלט פאַר זיין אמת מיט שנאה און פאַראַכטונג, פון וואָס ער האָט מורא׳דיג געליטען — דערהויפּט פון דער איינזאַמקייט אין א סביבה, וואו די מערסטע מיטמענשען האָבען גראָד איהם זעהר רעספּעקטירט און אפילו פאַרעהרט...

אין 1898, דרוקט אַטלאַס אָפּ אין וואַרשע אַ ביכעל „מה לפנים ומה לאחור" (וואָס איז פּראָגרעסיוו און וואָס איז רעגרעסיוו) — אַ זאַמלונג פון זיינע אַרטיקלען, וואָס ער האָט בשעתו געשריבען אין ביאַליסטאָק, און פאַרעפענטליכט אין „הצפירה". דאָס צווייטע ביכעל „ספסל הנאשמים" (באַשולדיגונגס־באַנק) — אַ קליין זאַמלונג פון זיינע אַרטיקלען, וואָס ער האָט געשריבען אין ביאַליסטאָק פאַר׳ן אָרטאָדאָקסישען זשורנאַל „הפלס" אין 1902, איז דערשינען אין 1903.

אין פריער דערמאָנטען בוך „גדולים פון אונזער צייט" שרייבט יעקב מאַרק אָט־וואָס:

„... אַלענפאַלס זיינען זעהר אומגערעכט געווען יענע ציוניסטען וואָס האָבען ניט געוואָלט צולאָזען די ביאַליסטאָקער ציוניסטען אין 1902 צו פייערען זיין 50־יעהריגען יובילעי. דען נאָך אַלעמען איז אַטלאַס געווען אַן ערליכער קעגנער אָהן שום זייטיגע פּניות. נאָך מעהר: זיין קעגנערשאַפט האָט איהם שטאַרק געשאָדט צו זיין פּריוואַט לעבען און כמעט איהם געקאָסט זיין חיונה".

מ׳זעהט פון אָט־די שורות, אַז די ביאַליסטאָקער ציוניסטען האָבען זיך יע דערהויבען צו דער מדרגה פון וועלען פייערען דעם יובל פון זייערען אַן אידעען־קעגנער, נאָר אַנדערע ציוניסטען,

וויזט אויס — ניט־ביאַליסטאָקער, האָבען עס ניט געוואָלט דערלאָזען. דאָס איז אַ קאָמפּלימענט פאַר די ביאַליסטאָקער ציוניסטען פון יענער צייט *).

גראָד דער ביאַליסטאָקער פּעריאָד פון אַטלאַסעס לעבען איז געווען, ווי מיר האָבען געזעהען, זעהר פרוכטבאַר. אַטלאַס האָט ליב געהאַט ביאַליסטאָק. אין די פילע אַרטיקלען זיינע, וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו זעהען, סיי אין „הצפירה“, סיי אינ׳ם „הפלס“, און סיי אין דער דייטש־אידישער וויסענשאַפטליכער „מאָנאַטשריפט“, פלעגט ער צוזאַמען מיט זיין אונטערשריפט שטענדיג אַוועקשטעלען „ביאַליסטאָק“.

אָבער זיין מאַטעריעלע לאַגע אין ביאַליסטאָק האָט זיך שטאַרק פאַרערגערט און ער איז געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזען די באַליבטע שטאָדט. ער האָט זיך באַזעצט אין דער קאַלטער, ווייטער און נשמה־פרעמדער מאָסקווע, אַלס העברעאישער לערער פון די קינדער פון דעם באַוואוסטען גביר און ציוניסט, זעליג פּערסיץ. אין מאָסקווע האָט ער זיך געפילט נאָך איינזאַמער ווי אין אידישען „תחום המושב“, מיט אַזוינע געדיכטע אידישע צענטרען ווי וואַרשע, ביאַליסטאָק, א. אַ. אין מאָסקווע האָט ער געאַרבייט איבער צוויי ווערק, וועלכע ער האָט דאָרט פאַרענדיגט. דאָס זיינען געווען „קרית ארבע“ (געשיכטע פון אידישען צענטראַלען קהלה־פאַרלאַמענט אין 16־טען און 17־טען יאָהרהונדערטען — דעם „ועד ארבע ארצות“), און אַ געשיכטע פון די אידען אין פוילען: „תולדות ישראל בפולן“. אויף זיין לעצטען טראַגישען וועג פון מאָסקווע קיין ביאַליסטאָק האָט מען ביי אַטלאַסען צוגעגנב׳ט דעם גאַנצען געפעק, צווישען וועלכען ס׳זיינען געווען די דערמאָנטע צוויי כתבי־יד.

ניט לאַנג איז געווען זיין אופהאַלט אין מאָסקווע. אַ וואָכען צוויי פאַר פסח פון יאָהר תרס״ד (1904) איז אלעזר אַטלאַס שווער קראַנק געוואָרען אויפ׳ן האַרצען. גראָד דעמאָלט איז אָפּגעלאָפען זיין וואוין־רעכט (פּראַוואָזשיטעלסטוואָ) — און די פּאָליציי האָט איהם געצוואונגען צו פאַרלאָזען די „הייליגע שטאָדט“. דאָקטוירים האָבען פאַרבאָטען איהם זיך רירען פון אָרט, ווייל דאָס וואָלט געווען זעהר געפעהרליך פאַר זיין קראַנק האַרץ. עס האָט ניט געהאָלפען — די פּאָליציי האָט געזיגט. ער איז קוים דערפאָרען ביז מינסק וואו ער איז געבליבען די ערשטע טעג פסח. חול המועד פסח, קוים אַ לעבעדיגער, איז ער אָנגעקומען אין זיין ביאַליסטאָק — מיט אַ שווערער פאַרקיהלונג, אַ מין לונגענענטצינדונג. שביעי של פסח תרס״ד האָט אלעזר אַטלאַס אויסגעהויכט זיין נשמה. די ביאַליסטאָקער ערד, וואָס איז איהם געווען אַזוי ליב ביים לעבען, האָט איהם אויפגענומען **).

ג

ניט ווייניג מענשען האָבען זיך אַליין און אַנדערע אָפטמאָל געפרעגט: סטייטש, ווי קומט עס, אַז אלעזר אַטלאַס דער חובב־ציון זאָל ווערען אַ „שונא־ציון“? ווי איז דאָס מעגליך?

ניין, ניט אמת! אלעזר אַטלאַס איז ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבען פאַרבליבען דער זעלביגער חובב ציון ווי פריער. און טאַקע פון זיין חיבת־ציון איז אַרויסגעקומען זיין קעגנערשאַפט צום ציוניזם און צו די ציוניסטען.

אַטלאַס, דער תלמיד־חכם, האָט מעהר ווי א סך אַנדערע געוואוסט פון דער שטאַרקער ליבע פון אונזערע חכמים צו ארץ ישראל און מיט וואָס פאַר אַ צער זיי האָבען גערעדט וועגען שכינתא בגלותא. אָט די דאָזיגע ליבע איז דאָך ביי אַטלאַסען געווען טיף איינגעפלאַנצט שוין פון קינדהייט אָן פון די איינצעלנע מאמרי חז״ל, ווי „מוטב ללין במדבריות של ארץ ישראל ולא ללין בפלטריות של חוץ לארץ“ (בעסער צו נעכטיגען אין די וויסטענישען פון ארץ ישראל איידער אין די פּאַלאַצען פון חוץ לארץ), אָדער „ישיבת ארץ ישראל שקולה כנגד כל המצוות שבתורה“ (וואוינען אין ארץ ישראל איז פונקט אַזוי ווי אַלע מצוות פון דער תורה), און פון די טעגליך איבערגע׳חזר׳טע תפילות האָט ער דאָך טיף איינגעזאַפּט און איינגעאָטעמט אין זיך די גרויסע ליבע און די גרויסע בענקשאַפט צו און נאָך ארץ־ישראל.

איז דאָך טאַקע גרויס דער וואונדער, ווי קומט עס אלעזר אַטלאַס זאָל ווערען אַ „שונא־ציון“?

מוז דאָ צום צווייטען מאָל באַטאָנט ווערען: אַטלאַסעס שנאת ציוניזם איז אויסגעוואָקסען פון זיין חיבת־ציון!

דער ציוניזם פון יענער תקופה, אַ ראָמאַנטישע תקופה, האָט בפירוש געטראָגען אין זיך משיח׳ישע צילען, משיח׳ישע וויזיעס, הגם אין אַ נייעם, אַן אולטראַ־מאָדערנעם, היינטצייטיגען און היינטוועלטיגען גלגול.

אויך האָט דער ציוניזם דעמאָלט געהאַט אין זיך פיל אוטאָפּישעס, אין דער פאַרווירקליכונג פון וואָס אלעזר אַטלאַס — דער ראַציאָנאַליסט, דער סקעפּטיקער און מאַטעמאַטיקער, האָט ניט געגלויבט. במילא האָט ער געהאַלטען, אַז דער פּאָליטישער ציוניזם איז פאַרמשפט צו באַנקראָט און אונטערגאַנג, און דאָס וועט חלילה אַריינברענגען אַ גרויסען יאוש אין אידישען פאָלק. פאַר׳ן דאָזיגען קלאַפּ האָט ער זיך שטאַרק־שטאַרק געשראָקען.

אַטלאַס, הגם ער האָט שוין געלעבט אין גרויסע צענטרען, ווי וואַרשע, ליבוי און ביאַליסטאָק, און זיך באַהעפט מיט אייראָפּעאישער וויסענשאַפט און ליטעראַטור, און האָט זיך אויפגעשריבען מיט באַוואוסטע אייראָפּעאישע געלערענטע, וועלכע האָבען איהם רעספּעקטירט און זיך זעהר גערעכענט מיט זיינע מיינונגען, — איז נאָך אַלץ מיט ביידע פיס געשטאַנען אין אַלטען בית־מדרש. דער אַלטער בית־מדרש האָט ניט געגלויבט, אַז די גאולה קען קומען אויף וועגען פון דיפּלאָמאַטיע, און אַז די גאולה איז אָפּהענגיג בלויז פון אידישען פאָלק גופא, פון זיין פאָלקסווילען: „ווייל דאָס אידישע פאָלק זיין פריי, וועט עס זיין פריי!“, ווי דער הרצלשער ציוניזם האָט געפּרעדיגט.

אַטלאַס, דער רעליגיעזער איד, וועלכער האָט געגלויבט, אַז „קודשא בריך הוא, אורייתא וישראל חד הוא“ (גאָט, תורה און ישראל זיינען איין זאַך), האָט ניט געקענט אַקצעפּטירען דעם ציוניסטישען געדאַנק, וועלכער לעגט זיין גאַנץ געוויכט בלויז אויפ׳ן פאָלקס־ווילען. דערין, גלויב איך, האָט זיך אויסגעדריקט די הויפּט סיבה פון זיין קעגנערשאַפט צו דער נייער באַוועגונג.

אַטלאַס, וועלכער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט און אויסגעוואַקסען אין שוהל און בית־המדרש, איז אינערליך געווען און געבליבען פעסט צוגעבונדען צו דער בית־מדרש־אידישקייט זיין גאַנץ לעבען לאַנג. ער האָט געגלויבט, אַז די פרומע אידען, די

---

*) אין זיין לאַנגען און אויספירליכען נעקראָלאָג־אַרטיקעל איבער אל. אַטלאַס שרייבט א. ש. הערשבערג (ליטעראַרישע ביילאַגע פון „הצפירה“ נומ. 87 און 93, פאַר׳ן יאָהר תרס״ד), אַז צו דער יובל־פייערונג אַטלאַסעס אין ביאַליסטאָק, זיינען געקומען אַרום 15 מענשען.

**) אין דעם אויבענדערמאָנטען אַרטיקעל, שרייבט א. ש. הערשבערג, וועלכער האָט גוט געקענט אל. אַטלאַס׳ן, בעת זיינע ביאַליסטאָקער יאָהרען, אַז „נאָך זיין מיטה האָבען געשטראָמט טויזענטער מענשען“.

שוהל אידען, די תלמידי חכמים, די ישיבה בחורים, די נאַאיווע טאַבאַק שמעקער, זיינען די ווירקליכע טרעגער פון די קיום־האומה אידעאַלען. און דווקא אין זיי, אין די בעלי חלומות, די טראַדיציאָנעלע אידען, אויף וועלכע מען קוקט מיט ביטול, ליגט אַן אומגעהייערער כוח, אין זיי איז דער גרויסער רעזערוואואַר פון אמת׳ער אידישער ענערגיע, פון וועלכען דאָס אידישע פאָלק קען שעפען די יניקה פאַר זיין ווייטערדיגען קיום.

און דאָ קומט איינער, אַן אומבאַקאַנטער צום אידישען פאָלק, אַ מענש אָהן אידישע טראַדיציעס, אָהן אידישען וויסען, אַ „דייטש", וועלכען די שפּראַך פון פאָלק איז פרעמד, וואָס האָט ניט געלעבט צווישען פאָלק, ניט געווייטאָגט מיט זיינע יסורים, איינער מיט אַ משונה׳דיגען נאָמען טעאָדאָר, וואָס איז פרעמד דעם אידישען אויער הגם ער איז טאַקע אַ גלענצענדיגער פעליע־טאָניסט אין דער וועלט־פּרעסע — און דווקא ער, אָט־דער פרעמדער, זאָל גאָר ברענגען די ישועה דעם געפּלאָגטען אידישען פאָלק? שיקט זיך עס?

און צו איהם, דעם פרעמדען, זיינען צוגעשטאַנען אַ סך אַסימילירטע אידען, וועלכע האָבען זיך פריער אפשר גאָר גע־שעמט מיט׳ן נאָמען איד — פּראָפעסאָרען, דאָקטוירים, אַדוואָ־קאַטען און זיך געשטעלט אין דינסט צו דער אידעע פון פאָלקס־באַפרייאונג...

נאַטירליך, דאָס צוריקקערען זיך פון זיינע אַנטרונענע, פאַרבלאָנדזשעטע און אָפּגעפרעמדטע זין און טעכטער איז אַ גרויסער געווינס פאַר׳ן אידישען פאָלק. אַטלאַס האָט אַוודאי ניט געקענט ניט דערזעהן און אונטערשעצען דעם דאָזיגען גע־ווינס. איהם האָט אָבער, משמעות, פאַרדראָסען, אָדער ס׳האָט ניט אַרויסגערופען קיין צוטרוי ביי איהם דאָס, אַז די אָקאָרשט דערוואָכטע קומען אַרויס אין דער עפענטליכקייט און רעדען שוין אין נאָמען פון אידישען פאָלק, וועלכען זיי קענען ניט, און שטעלען זיך אַרויס פאַר די איינציגע רעטער פון עם ישראל!

און נאָך אַ סיבה פאַר דער אַנטיפּאַטיע צו די ציוניסטען האָט אין אים מסתם געווירקט. ער, דער עניו און ערליכער מענש, האָט ניט פאַרטראָגען דעם טומעל, דעם געפילדער און גערודער, די באָמבאַסטישע רייד, דעם גאַנצען קלאַפּערגעצייג, וועלכע זיינען בשעתו גענוצט און געטריבען געוואָרען פון אַ צאָל ציוניסטען, וואָס האָבען קודם כל געהאַט אין זינען זייערע אייגענע אינטע־רעסען און פּניות. עס זיינען אַרויף אויף דער סצענע אַלערליי עלעמענטען — „קדוש־שפּרינגערס", חונפים, כבוד זוכערס, אונ־טערשטופּערס, טעלער־לעקערס, רעדנער־קאַריעריסטען, משול־חים, פּושקע קלאַפּערס — און אָט זיי זאָלען דאָס גאָר זיין די אויסלייזערס פון אידישען פאָלק!?...

אַטלאַס, פון שטענדיג באַגייסטערט פון די שטילע העלדען, וועלכע האָבען געטראָגען זייערע לעבענס צום מזבח פון זייער גלויבען און אידעאַל, האָט אפשר נאָך ניט געוואוסט, אַז וואָס פאַר אַ באַוועגונג עס זאָל ניט זיין, אפילו אַן אָרטאָדאָקסישע, ווי נאָר זי געהט אַרויס אויף אַ ברייטען שליאַך — קלעפּען זיך ליידער צו איהר צו נישט־געוואונשענע עלעמענטען, וועלכע ווערען מיט דער צייט באַזייטיגט און אַרויסגעוואָרפען ווי אַן אָפּפאַל.

דערונגען אין נוסח פון זיינע אַרבייטען האָט אחד־העם פאַרלאַנגט פון אַטלאַס׳ן, אויף וועלכע אלעזר אַטלאַס איז ניט איינגעגאַנגען. דערמיט האָבען זיך די צווישענבאַציאונגען זייערע פאַרענדיגט. און ווען אפילו אַטלאַס וואָלט זיך דעמאָלט יאָ פאַרבונדען מיט׳ן „השלוח", וואָלט אַזאַ פאַרבינדונג, גלויב איך, געווען אַ זעהר קורצע. צו פאַרשידען זיינען זיי געווען, אחד־העם און אַטלאַס — סיי אין זייער צוגאַנג צו גייסטיקע פּראָבלעמען, סיי אין זייער קוק אויף כמעט אַלע אידישע אָנגעווייטאָגטע פראַגען פון יענער צייט. האָבען, במילא, זייערע אויסגאַנג־פונקטען און די מיטלען, מיט וועלכע די פראַגען זאָלען געלייזט ווערען, אויך געמוזט זיין פאַר־שידען.

קריטיקירענדיג אחד־העם׳ן, וועלכען אַטלאַס האָט, אין תוך, דווקא פאַרעהרט און געלויבט זיין שריפטשטעלערישען טאַלאַנט („הסופר הזה שהוא מן המצוינים בטעמו ובסגנונו החדש"), האָט טאַקע אַטלאַס געהאַלטען, אַז דער, וועלכער רופט זיך „איינער פון פאָלק" (אחד העם) איז גאָר ווייט און פרעמד צו די אידייען פון פאָלק אין וועמענס נאָמען ער רעדט. אַטלאַס׳ן האָט פאַר־דראָסען, וואָס אחד־העם שטעהט אַזוי ווייט פון דער אַלטער לי־טעראַטור, און פאַרשטעהט אפילו ניט איהר גייסט, וכד.

די אינסטרומענטען, מיט וועלכע די צוויי גרויסע פּערזענ־ליכקייטען האָבען אָפּערירט, זיינען געווען ניט פון דעם זעלביגען מאַטעריאַל. אחד העם׳ס לערע איז באַשטאַנען פון געדאַנקען, וואָס האָבען געשטאַמט פון האַרצען; אַטלאַסעס — פאַרקערט — כולו מוח, אַ ווילען דערגרונטעווען זיך ביז׳ן יסוד, אויספאָרשען די סיבות, אויסרעכענען, גענוי קאַלקולירען. ביי אחד העם׳ן זיינען געוויסע געדאַנקען געווען פאַרנעפּעלט, פאַרשלייערט, מען האָט צו זיי באַדאַרפט האָבען פירושים. אַטלאַסעס מחשבות — פאַרקערט — זיינען תמיד געווען זעהר קלאָר און לאָגיש.

אויך אין זייערע טעמפּעראַמענטען זיינען זיי געווען גאַנץ פאַרשידען: אחד העם, אַלס חסיד און אַ גליד פון דער באַרימטער שניאורסאָן גזע, איז מעהר געווען אוטאָפּיסט, אילוזיאָניסט, ראָ־מאַנטיקער. אַטלאַס — אַ מתנגד, אַ ליטוויש־זאמוטער בן־תורה, אַ ראַציאָנאַליסט, אַ סקעפּטיקער, אַ צווייפלער.

אחד העם האָט גערעדט פון מרכז לאומי רוחני (גייסטיגער צענטער) אין ארץ ישראל און „רוח הלאומי בלב העם" (נאַציאָ־נאַלער גייסט אין פאָלקס האַרצען). בקיצור: אחד־העם פלעגט איבער׳חזר׳ן: לב, רוח... אַטלאַס, ווידער, איז געווען כסדר מכוון, איינגעשטעלט, אויף איין זאַך נאָר: מוח...

אחד העם דריקט זיך אויס אַזוי: „לאָמיר גרינדען איין גרוי־סע אַקאַדעמיע אין ארץ ישראל פאַר חכמה און קונסט. דאָס וועט זיין אַ גרויסער נאַציאָנאַלער אויפטו, וואָס וועט אונז דערנענטע־רען צו אונזער ציל מעהר ווי הונדערט פאַרמערשע קאָלאָניעס". פאַר אַטלאַס׳ן, ווידער, איז די גאַנץ פּראָזאאישע, אָבער לעבענס־וויכטיגע, פראַגע פון „קענען מאַכען אַ לעבען", די עקאָנאָמישע נויט פון די ברייטע פאָלקס מאַסען, אַן עיקר ענין. דעריבער, מיין איך, וואָלט ביי אַטלאַס׳ן איין גוטע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניע, וואו אידען לעבען פריי על־פי דת ישראל, טאַקע געווען אָנגעלעגטער ווי אחד העם׳ס „אַקאַדעמיע"...

און לסוף: אחד העם, ווי באַקאַנט, האָט, אַלס פילאָזאָף, סימ־פּאַטיזירט מיט ניטצשעס „איבערמענש" (אדם העליון) אין הע־כערען און שענערען זין פון וואָרט. לויט מיין מיינונג, האָט אַט־לאַס געהאַלטען, אַז אין יעדען בטלן און בן תורה, אין יעדען מאמין, אין יעדען שוהל־אידען און למדן געפינט זיך שוין דער

---

אין 1896־1897, האָט אַטלאַס געזוכט אָנצוקניפּען פאַרבינ־דונגען מיט׳ן באַוואוסטען אָדעסער זשורנאַל „השלוח", רעדאַק־טירט פון באַרימטען גייסטיגען מדריך, אחד־העם. געוויסע ענ־

„אדם העליון“, וועלכער איז שטענדיג גרייט דורכגעהן אַלע נסיונות, און זיי מנצח זיין, און קענען זיך דערהויבען, ווען די צייט און די אומשטענדען פאָדערען, צו די העכסטע הויכקייטען.

פון די פאָר פאָרגעבראַכטע שטריכען פון אחד העם'ן און אַטלאַס'ן איז צו זעהן, אַז אַזוינע פערזענליכקייטען מיט שאַרף פאַנאַנדערגעהענדיגע געדאַנקען, מיינונגען און טעמפעראַמענטען, וואָלטען ניט געקענט האַרמאָניש אַרבייטען אין „השלוח“, פון וועלכען אחד העם איז געווען דער גרויסער רעדאַקטאָר. קיין טריבונע, פון וועלכער זיין וואָרט זאָל זיך לאָזען הערען, איז פאַר אַטלאַס'ן מעהר ניט געבליבען אָפען. אָבער דער „איך קען ניט שווייגען“ האָט איהם ניט געלאָזען צו רוה. און דאָ האָט זיך געגרינדעט אַ צייטשריפט, „הפלס“, מיט אַ פראָגראַם, „אָפּוועגען אַלץ וואָס עס טוט זיך ביי אידען מיט דער וואָג פון אמת, גערעכטיגקייט און שלום (האמת, הדין והשלום)“.

דאָס האָט אַטלאַס'ן אימפּאָנירט, און ער האָט אָנגעהויבען פאַרעפענטליכען אין „הפלס“, וועלכער האָט זיך באַלד דערוואָרבען די רעפּוטאַציע פון אַן אולטראַ־אָרטאָדאָקסישען, אולטראַ־רעאַקציאָנערען זשורנאַל, זיינע קעמפערישע אנטי־ציוניסטישע אַרטיקלען. ער איז אָבער צו דער אָרטאָדאָקסיע, געפירט פון ר' עקיבא ראַבינאָוויץ און ר' יעקב ליפשיץ, ניט צוגעשטאַנען, נישט געוואָרען זייערער אַ „מענש“. אַטלאַס, דער אַליין־גייער, האָט ניט געהערט צו די מענשען, וועלכע קענען זיך איינשפּאַנען — ווייל ער איז געווען אַן אינדיווידואַליסט, אַן אומאָפּהענגיקער מענש, ניט אַ מענש פון אַ „מאַשין“ (אויפן אַמעריקאַניש־אידישען פּאָליטישען לשון).

שרייבענדיג אין דער רבנישער מאָנאַטשריפט (ירחון רבני) „הפלס“, האָט אַטלאַס מיט רבנים פון אָט דעם חדר זיך ניט געחבר'ט, ניט געווען מיט זיי אַ „פּאַני־בראַט“, ניט געפאָרען אויף זייערע אסיפות, ניט באַטייליגט זיך אין זייערע סעודות, ניט געזונגען מיט זיי זמירות.

הרב עקיבא ראַבינאָוויטש, דער רעדאַקטאָר פון „הפלס“, שרייבט צום ערשטען יאָהרצייט פון אלעזר אַטלאַס, אַז ער האָט איהם געקענט נאָר פון זיינע אַרטיקלען, און צום ערשטען מאָל האָבען זיי זיך פערזענליך באַקענט אין מאָסקווע, זומער 1903, עטליכע חדשים פאַר אַטלאַסעס טויט.

אַטלאַס האָט קנאים־פעסט אָפּגעהיט זיין ניט־פּאַרטייאישקייט, כדי מען זאָל איהם חלילה נישט חושד זיין, אַז ער האָט זיך פאַרקויפט צו דער אולטראַ־אָרטאָדאָקסיע אָדער צו דער קאָוונער „לשכה השחורה“ (שוואַרצע קאַמער), ווי מ'האָט דאַמאָלס יענע אָרטאָדאָקסישע שטרעמונג באַצייכענט.

אַטלסעס ריינקייט, אָפּגעהיטקייט און ערליכקייט האָט איהם ניט געהאָלפען. זיינע קעגנער, אין הייסען קאַמף און קעגענזייטיגער פּאָלעמיק, האָבען איהם כסדר געזוכט צו באַשמוצען, און אויסגעטראַכט, אַז מחמת מאַטעריעלע געווינסען, איז ער צוגעשטאַנען צו דער „לשכה השחורה“ און חבר'ט זיך מיט די רבנים.

אין אַ בריוו צו „הפלס“ (רעדאַקטאָר ר' עקיבא ראַבינאָוויץ, פאַרעפענטליכט אָב, תרס"ד), שרייבט אלעזר אַטלאַס וועגען דעם :

„... כדי ניט צו ציען אויף זיך דעם חשד, אַז איך האָב זיך איבערגעגעבען צו אַ וועלכער עס איז אָרגאַניזאַציע (פאַרטיי), און זי איז אויף מיר משפיע, אין דער צייט ווען איך וייס עס מיט מיין נשמה, אַז אַלע מיינע ווערטער קומען אַרויס פון די טיפענישען פון מיין ריינעם האַרצען, פריי פון וועלכער עס איז נייגונג, טענדענץ צו וועלכער עס איז ריכטונג. נאָר דער אמת, לויט מיין שטאַנדפּונקט, באַלייכט מיין וועג“.

און איצט נאָך אַ פּאָר שלוס־ווערטער וועגען אַטלאַס און דעם ציוניזם.

אלעזר אַטלאַס, דער חכם, וואָס האָט געדאַרפט זיין דער ערשטער צו זעהן דאָס ניי־געקומענע (הרואה את הנולד), האָט, ליידער, ניט באַגריפען וואָס פאַר אַ גרויסער כוח עס ליגט אין ציוניזם, און טאַקע פון שטאַנדפּונקט פון נאַציאָנאַלען קיום! ער האָט, צום באַדויערען, פאַרקוקט די גרויסע ראָליע פון ציוניזם, וואָס זיין אויפגאַבע באַשטעהט אין הייליגען ציל פון אָנזאַמלען אידישע ענערגיעס, צוזאַמענשמעלצען אַלע אידישע הערצער אין איין גרויס האַרץ, צוזאַמענגעמען אַלע פאַרבלאָנדזשעטע און אַנטרונענע, אָפּגעריסענע און אָפּגעשטאַנענע, פאַרשטויסענע, פאַרצווייפעלטע און אונטערדריקטע — אין איין פאָלק, זיי צו פאַראייניגען אין אַ שטאָלץ פאָלק, אַ קעמפעריש פאָלק, אין קריג פאַר זיין באַפרייאונג, פאַר זיין קיום, פאַר דער גאולה.

אָט אַזוי, אויך, האָט דער ווילנער גאון און אַ סך זיינע אָנהענגער, צווישען וועלכע עס זיינען געווען גרויסע חכמים, אויס מורא פאַר'ן פאַלשען משיחיזם, — ניט געזעהן און ניט באַגריפען דעם אומגעהייער גרויסען כוח פון חסידות. און ווער ווייסט וואָס פון אונזער פאָלק וואָלט געוואָרען, ווען עס קומען ניט אויף אַזעלכע באַוועגונגען ווי דער חסידיזם און חלוציזם־ציוניזם, וואָס האָבען גערופען צו שמחה, בטחון, אָפּטימיזם, אָנגעצונדען דאָס פשוטע פאָלק מיט'ן פייער פון זעלבסט־רעספּעקט, פון האָפענונג און גלויבען אין אייגענע כוחות, חשיבות, נאַציאָנאַלען באַוואוסטזיין, אחריות און קאַמפס־ווילען פאַר דער באַפרייאונג פון אידישען פאָלק?! דאָס אַלץ איז פון אַטלאַס'ן ליידער ניט אָפּגעשאַצט און ניט אנערקענט געוואָרען.

וואָלט אַטלאַס געלעבט כאָטש נאָך צען יאָהר, וואָלט ער אפשר באַקומען אַן אַנדער באַציאונג צו די נייע באַוועגונגען אין אידישען פאָלק. ער וואָלט דערזעהן, ווי ציוניסטען, פועלי־ציוניסטען, בונדיסטען, האָבען מיט גרויס פּאַטאָס און טיפען גלויבען אין זייערע אידעאַלען זיך אַריינגעוואָרפען אין קאַמף פאַר זייער הייליגער זאַך. אַטלאַס וואָלט דערזעהן די חלוצים פון יענער אידישער פאַרטיי, וועלכע האָבען זיך דערהויבען צום העכסטען שטאַפּעל פון מסירת־נפש, פון אָפּפערען זיך אינגאַנצען, מיט לייב און לעבען, פאַר'ן אידעאַל, וועלכען זיי פאַרהייליגען.

צום טיפסטען באַדויערען איז אלעזר אַטלאַס געשטאָרבען צו פרי...

ד

איך וועל איצט איבערגעבען אַ ביסעל זכרונות וועגען אלעזר אַטלאַס, מיין מוטערס אַ לייבליכער שוועסטער־קינד, אויפ'ן סמך פון מיינע פערזענליכע ערינערונגען פון דער קורצער צייט, וועלכע איך, אַלס קליינער אינגעל, האָב ביי איהם פאַרבראַכט אין ביאַליסטאָק. דאָרט האָט מיין קוזען, אלעזר אַטלאַס, ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, געלעבט די לעצטע 9־10 יאָהר פון זיין לעבען אַלס בוכהאלטער ביים באַוואוסטען שטאָדט־עסקן און סוחר, ר' אהרן־יהושע שאַפּיראָ.

אלעזר אַטלאַס איז געווען אַ הויכער, שיינער מאַנספאַרשוין, בלאָנד, מיט אַ גוט־געבויטען קערפּער, ניט דיק און ניט דין. די האַלטונג — שטענדיג אַ שלאַנקע, ניט איינגעבויגען, טראָץ דעם, וואָס אַלע זיינען יאָהרען האָט ער פאַרבראַכט ביים בית־מדרש סטענדער, שרייבטיש, בוכהאַלטער־פּולט (דעסק), א. א. וו. ער האָט געטראָגען אַ קליין באָרד, וואָס איז געווען גוט געפלעגט, ניט אַ האָרעלע צו אַ האָרעלע, ווי ביי די וואָס די באָרד איז ביי זיי

אַ גאַנצע „סדרה“, און זיי גיבען זיך כסדר אָפּ מיט איר, נאָר דורכגעקעמט, ציכטיג, פיין. בכלל איז אַטלאַס געווען אַ ציכטיגער מענש ביז גאָר. געקליידט זויבער, ניט לאַנג און ניט קורץ, נאָר „שטאַטסמעסיג“, ד. ה. באַלעבאַטיש, לייטיש.

זיין אויסזעהן איז געווען אַ מילדער, פריינדלעכער. דאָס געזיכט — בלאַס, אַ גרויסער, מיט תורה און חכמה אָנגעלאָדענער שטערן; שוואַרצע אויגען שאַרפזיניגע, כולה חכמה, און אויף די ליפּען זיינע האָט תמיד גערוט אַזאַ באַחנטער שמייכעל! איך האָב קיינמאָל ניט געהערט פון איהם אַ הויכען, געשמאַקען געלעכטער, פון וועלכען מ׳פאַרקייכט זיך. מיר געדענקט זיך, אַז ווען אַטלאַס פלעגט דערצעהלען אַ וויץ (און דערצעהלט האָט ער שטענדיג וויצען), פון וועלכען די צוהערער פלעגען לאַכען ביז טרערען, האָט ער אַליין, מעשה געבענטשטער, פיינער, אמת׳ער הומאָריסט, ניט געלאַכט.

אַטלאַס פלעגט געהן לאַנגזאַם, ניט געאיילט זיך. גערעדט שטיל, געלאַסען, ניט געקאָכט זיך, ניט געברענט. זיך ניט אויפגערעגט און אַנדערע ניט אַרויסגעבראַכט פון די כלים. מ׳האָט געקענט מיינען, אַז דער מענש האָט ניט קיין טעמפּעראַמענט. דאָס איז נאָר אויסערליך. אינערליך האָט ער געברענט פול מיט ליידענשאַפט. עס איז גענוג צו לייענען זיינעם אַן אַרטיקעל, סיי אַ קריטישען, סיי אַ פּאָלעמישען, אַ קעמפערישען; ער האָט זיך געהאַלטען פשוט, איינפאַך, היימיש. גלייכצייטיג האָט זיך פון זיין פיגור, פון זיין האַלטונג געטראָגען חשיבות. ניט בלאָזענדיג פון זיך, חלילה, און ניט מאַכענדיג פון זיך אַ גאַנצען פּאַראַד: אני, אלעזר אַטלאַס! און דאָך האָבען מענשען, זיינע מיטמענשען, בעצם געפילט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ דיסטאַנץ צווישען זיי און איהם, וואָס לאָזט ניט צוגעהן צו איהם און א פּאַטש טאָן אין פּלייצע — מעשה פּאַני־בראַט!

איך בין, מיט מיין אָנקעל שמעון אַטלאַס, וועלכער האָט אויך געלעבט אין ביאַליסטאָק, אַ פּאָר מאָל געווען אין אהרן־יהושע שאַפּיראָס געשעפט באַזוכען ר׳ אלעזר׳ן. עס איז ביי מיר פאַרבליבען אין זכרון, ווי ר׳ אלעזר שטעהט ביי אַ זעהר ברייטען סטענדער(פּולט, אָדער „קאָנטאָרקע“) און שרייבט אין אַ גרויסען קאָנטאָ־בוך (גראָס בוך). אַלס אינגעל האָב איך נאָך דעמאָלט אין דעם ניט געזעהען קיין טראַגישקייט. איצט אָבער זעה איך עס יאָ. שרייבענדיג איצט וועגען איהם, זעה איך איהם פאַר מיינע אויגען, איינגעבויגען ביים „גראָס־בוך“ אין שאַפּיראָס טוך־געשעפט. ער, דער גרויסער מאַטעמאַטיקער, תלמיד־חכם און ווי־סענשאַפטסמאַן, האָט דעם גאַנצען טאָג געדאַרפט שרייבען און רעכענען די לאַנגווייליגסטע „דעבעטס“ און „קרעדיטס“ פון די קליינשטעטלדיגע קונדען. און ניט איינמאָל, גלויב איך, אָפּרייסענדיג זיך אויף אַ מינוט פון „גראָס־בוך“, האָט ער זיך מיט גרויס צער אַריבערגעטראָגען אין ווייטע ווייטקייטען, אין אַנדערע, העכערע וועלטען. און דאַן ווייטער — דער „גראָס־בוך“. כסדר אַזוי...

דער טאָג, אין וועלכען ער האָט זיך מייסטענס אָפּגעגעבען, כמעט אויסשליסליך, מיט רוחניות, איז געווען שבת. דעמאָלט האָט מען געקענט זעהן אַטלאַסען אין זיין היים, שפּרייזענדיג מיט לאַנגזאַמע שריט, די הענט פאַרלעגט, אין אַ ליטווישער יאַרמאָלקע, וואָס האָט באַדעקט זיין קאָפּ ביזן גרויסען תלמוד־חכמישען שטערן, אונטערזינגענדיג אַ גמרא־ניגון; און דעמאָלט זיינען געבוירען געוואָרען זיינע געדאַנקען, וועלכע ער האָט נאָך הבדלה איבערגעטראָגען אויף פּאַפּיר. מייסטענס, אָבער, זיינען זיינע שריפטשטעלערישע אַרבייט־שעהן געווען פאַרטאָג, ביי אַ זודיגען סאַמאָוואַר.

דער סאַמאָוואַר פלעגט קאָכן, פייפען, שפּרודלען. די ברענבראָטיגע פייער־רויטע קוילען פלעגען וואַרפען פונקען אויפ׳ן פּאַפּיר, אויף וועלכען אַטלאַס, אין זיין שפּיציגען, כמעט פּערעלדיגען כתב, פלעגט וואַרפען זיינע „פונקען“. אין הויז האָט געמוזט זיין שטיל. ביי אַטלאַסען איז זיין ליטעראַרישע אַרבייט געווען אַ מלאכת־הקודש. און נאָך דער דאָזיגער הייליגער אַרבייט פלעגט ער געהן צו דער שטעלע ביי דער „סטאָיקע“ (פּולט, וואָס מען קען אויף איהם שרייבען, נאָר שטעהענדיג, אָדער זיצענדיג אויף אַ ספּעציעל זעהר הויכען טאַבורעטעל), מיטן גראָס־בוך, ביי וועלכען ער פלעגט אָפּשטעהן גאָט ווייס וויפיל שטונדען — פון פרימאָרגען ביז שפּעט אין אָוונט אַריין.

---

אונטערציענדיג אַ סך הכל וועגען דעם לעבען, שאַפען און קאַמף פון אלעזר אַטלאַס, קומט מען צום אויסלאָז, אַז זיין לעבען איז געווען אַ טראַגיש לעבען, ווי עס איז שוין אויבען מיט איין וואָרט אָנגעדייטעט געוואָרען. און אָט פאַרוואָס:

געוואַלגערט זיך אין ישיבות, פּריה חתונה געהאַט, זיין גאַנץ לעבען געטראָגען אַ בענקשאַפט נאָך ליבע, וועלכע אַלע מענשען טראָגען טיף אין האַרצען, ווען זייערע חלומות קענען ניט רעאַליזירט ווערען און די פאַרלאַנגען בלייבען ניט דערפילט... אַ שטענדיגער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ פון זיין פאַמיליע, וואָס האָט געפירט צו אַ לעבען פון אַ נע־ונדניק, איינזאַם, אָהן דער פאַמיליע, ניט קענענדיג געבען צו זיינע 4 קינדער די נויטיגע פאָטערליכע דערציאונג און ליבשאַפט; געוואָרפען זיך פון איין פּרנסה צו אַן אַנדערער: אַ שרייבער, אַ קרעמער, אַ געהילף־רעדאַקטאָר, אַ רעדאַקטאָר, קאָמיסיאָנער פון תבואה, אַ בוכהאַלטער — האָט אַטלאַס פאַרענדיגט זיין לעבען אַלס מלמד, פאַרענדיגט — מיינט עס — מיט דעם מיט וואָס ער האָט אָנגעהויבען...

די קאַמפען פאַר׳ן אמת, פאַר די אידייען, וואָס פאַר זיי האָט ער געהאַלטען פאַר זיין הייליגען חוב צו קעמפען; זיינע אַנטוישונגען, אינערליכע קאָנפליקטען, ועל כולם — דער אייגענער געפיל זיינער, אַז ער באַזיצט אַ גרויסען קוואַל פון כוחות, וואָס ער האָט אפילו קיין קליינעם טייל פון זיי נישט אויסגענוצט, — דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופען אַ פאַרביטערונג, אַן אומצופרידענקייט מיט זיך אַליין, וואָס האָט געפירט צו איינזאַמקייט און אָפּגעזונדערטקייט. און דאָך האָט עס זיין מוט ניט געבראָכען, ניט אַריינגעטריבען איהם אין יאוש און מרה־שחורה, ווייל קודם־כל איז ער געווען אַ קעמפער זיין גאַנץ לעבען, און פלעגט מיט ליידענשאַפט זיך אַריינוואַרפען אין מלחמה. מיט אַ זעהר געלונגענעם און ריכטיגען נאָמען האָט אלעזר אַטלאַס׳ן אָנגערופען ר׳ ישראל בנדעט פּיוועלזאָן, דער בייסעגאָלער רב, אין דעם אַרטיקעל צום ערשטען יאָהרצייט פון אַטלאַס׳ן. ער האָט אַטלאַס׳ן אין דעם אַרטיקעל גופא אָנגערופען „גבור ואיש מלחמה“.

אָט דאָס דאַרף מען שטענדיג אין זינען האָבען און מען מוז געדענקען, אַז אַטלאַס איז קודם־כל געווען אַ קעמפער זיין גאַנצען לעבען־לאַנג, וועלכער האָט זיך מיט ליידענשאַפט אַריינגעוואָרפען אין אַ מלחמה פאַר זיינע אידעאַלען און גלויבונגען אין שייכות מיט די פּרינציפּיעלע אָנגעווייטאָגטע פראַגען פון אידישען לעבען. זאָל דער לייענער ניט מיינען, אַז אַטלאַס איז אַרומגעגאַנגען איבער די וועגען פון דער וועלט אַ פאַרצווייפעלטער, אַ פאַרצאָ־

רענטער און פאַרכמורעטער מיט אַ זויערער מינע אויפ׳ן פנים. ניין, פאַרקערט! זיינע אויגען האָבען תמיד געגלאַנצט מיט שאַרפזין און וויץ, און אויף זיינע ליפּען האָט שטענדיג גערוהט אַ באַחנ׳טער שמייכעל. ער איז געווען אַ קאָמפּלעצירטע, פילזייטיגע און פילפּאַכיגע פערזאָן.

אַטלאַס׳ן האָבען סיי זיינע פריינט, סיי זיינע פיינט געהאַלטען פאַר אַ חכם. נחום סאָקאָלאָוו, אַליין אַן אמת׳ער פקח, האָט זיך וועגען אַטלאַס׳ן אויסגעדריקט *), אַז ער איז אַ „פקח שבפקחים“.

מיין פאָטער פלעגט מיר דערציילען, אַז אין אַן אינטימען שמועס, האָט אַטלאַס געשפּרודעלט מיט חכמה און וויציגקייט. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז מען שטעהט ביי אַ קוואַל, וועלכער וועט זיך קיינמאָל ניט אויסשעפּען. זיינע משלים, זיינע אימפּראָוויזירטע מעשה׳לעך, זיינען געווען עכטע פּערלען פון הומאָר און שאַרפזין. זיינע בריוו צו מיינע עלטערען, וועלכע זיינען בעת מיינע וואַנדערונגען פון לאַנד צו לאַנד ביי מיר, ליידער, פאַרלאָרען געגאַנגען, זיינען געווען די שענסטע מוסטערען פון חכמה, געדאַנקען־ריינקייט און טאָלעראַנץ. איך באַטאָן אָט דעם וואָרט, ווייל אַטלאַס׳ן האָבען זיינע געגנער געהאַלטען פאַר אַ קנאי, אַן אומטאָלעראַנטען מענשען.

מיין פאָטער, מאיר קאדער ע״ה, אַ גרויסער משכיל און הייסער ציוניסט, פלעגט אין אַ גלענצענדען העברעאיש, שאַרף אָנגרייפען אַטלאַסען, וועלכען ער האָט געהאַלטען, נאַטירליך, פאַר זיין אידייאישען געגנער. אַטלאַס, אין אַ שפּראַך פון קאָפּ, וועלכע איז דער געגענזאַץ פון מיין פאָטערס שפּראַך, פון האַרצען, — פלעגט ענטפערען געלאַסען, איידעל און קאָרעקט, מיט דער באַוואוסטער חשיבות־באַציאונג אַטלאַסעס צו אַלע זיינע געגנער.

מיין מוטער, גוטע קאַדער, געבוירען אַטלאַס **), וועמענס שיינקייט, בילדונג און גוטסקייט אלעזר אַטלאַס האָט שטענדיג באַוואונדערט, פלעגט אַריינקיבעצען איהר קוזען לאָזער, און פלעגט ניט זשאַלעווען קיין מוסר. אַטלאַס, אין אַן עלעגאַנטער דייטשער שפּראַך, פלעגט איהר ענטפערען גוטמוטיג און איידעל, מעשה עכטער דזשענטעלמאַן.

מיינע עלטערען, וואָס האָבען זיך געפילט צוגעבונדען צו ביאַליסטאָק און די שטאָדט ליב געהאַט, זיינען געווען אלעזר אַטלאַסעס בעסטע און איבערגעבענסטע פריינט. אָט די ליבע האָבען זיי אויך איינגעפלאַנצט אין מיר. מיין פאָטער ע״ה פלעגט אָפט באַזוכען ביאַליסטאָק, און איז צוריקגעקומען פון דאָרט, נאָך די הייסע אינטימע שמועסען מיט אַטלאַסען, טאַקע אַ דערפרישטער און באַגייסטערטער.

דאָס וואָס איך האָב געהערט פון מיינע עלטערען וועגען אַטלאַסען, אַטלאַסעס בריוו צו זיי, עטלעכע אַרטיקלען זיינע און וועגען איהם — דאָס אַלץ האָט מיך איצט אַריינגעפירט אין דעם לאַבירינט פון זיין וועלט און געגעבען מיר דעם שליסעל אַריינצודרינגען טאַקע אין די טיפסטע חדרימלעך פון זיין גייסטיגען בנין. איך האָב זעהר פיל געטראַכט וועגען איהם, איך האָב זיך אַריינגעפילט אין זיין טראַגישען לעבען און טראַגישען סוף, געוואַנדערט מיט איהם אין געדאַנק פון שטאָדט צו שטאָדט, וואו ער האָט געלעבט און געשאַפען, און מיין אמת גיב איך דאָ איבער.

דער גרויסער וואָלטער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: „נאָר די לעבעדיגע נויטיגען זיך אין כבוד. די טויטע — בלויז אין אמת“.

אלעזר אַטלאַס, וועלכער איז אַזוי פריצייטיג געשטאָרבען, נויטיגט זיך בלויז אין פולען אמת וועגען איהם...

---

מיר האָבען זיך באַמיט אַרויסברענגען פאַר׳ן לעזער, ווי ווייט די באַגרענעצטקייט פון אַן אַרטיקעל האָט עס דערלויבט, מעהר אָדער ווייניגער, אַ פול בילד פון כאַראַקטער און פערזענלעכקייט פון אלעזר אַטלאַס, אויך פון זיין לעבען און שאַפען. און טאַקע מחמת דער דערמאָנטער באַגרענעצטקייט אין פּלאַץ, איז אונז, ביים בעסטען ווילען, ליידער, ניט מעגליך צו באַקענען די לייענער כאָטש מיט׳ן תמצית פון זיינע אינהאַלטסרייכע אַרטיקלען. פאַר אַלע וואָס ווילען זיך פאַראינטערעסירען מיט דער געדאַנקען וועלט פונ׳ם דאָזיגען גרויסען שרייבער און דענקער, און ווילען האָבען חשק צו באַקענען זיך אויספירליך מיט זיינע געדאַנקען, איז ס׳ריכטיגסטע, צו טאָן אָט־וואָס: זאָלען זיי זיך ווענדען דירעקט צו זיינע אַרטיקלען גופא, וועלכע זיינען, ליידער, נאָך אַלץ צעזייט און צעשפּרייט איבער פאַרשידענע אויסגאַבעס, אַ גרויסער טייל פון וועלכע איז דאָ פריער שוין דערמאָנט געוואָרען.

איינע פון די ברענענדיגסטע פראַגען פון יענער עפּאָכע, מיט וועלכער אַטלאַס האָט זיך באַשעפטיגט, איז געווען רעליגיע. אַטלאַס האָט געהאַלטען, אַז רעליגיעזע רעפאָרמען טאָרען ניט זיין קיין אויפּטו, פועל־יוצא און פּראָדוקט פון בלויז רבנים און לומדים, וואָס ווילען מאַכען נייע דינים, נאָר — אַז די אמת׳ע רעפאָרמאַטאָרען זיינען די פאָלקס־מאַסען. מיט אַנדערע ווערטער: די רעפאָרמען מוזען קומען פון אונטען, פון די ברייטע פאָלקס מאַסען גופא, און ניט פון אויבען, פון די רבנים. ווען אַ געוויסער דין ווערט פאַרלעצט פון פאָלק, איז דאָס שוין דער בולט׳סטער און איבערצייגענדסטער סימן, אַז דער דין האָט אָפּגעלעבט זיין צייט. מען מוז איהם דעריבער לחלוטין אָפּשאַפען, און אויף זיין אָרט מוז געשאַפען ווערען אַ נייער דין, וועלכער זאָל זיין גענוג עלאַסטיש און צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פון לעבען אין דער נייער צייט. דאַמאָלסט, און ניט פריער, זיינען ערשט רייף די אומשטענדען פאַר אַ נייער געזעצגעבונג פון די רבנים.

ס׳איז קלאָר, אַז אַטלאַסעס צוגאַנג צום ענין געזעץ (דין) און זיין קאָדיפיקאַציע איז אַן עכט דעמאָקראַטישער. און ווען אפילו אַטלאַס האָט זיינע געדאַנקען אַרויסגעזאָגט מיט איבער אַ האַלבען יאָהרהונדערט צוריק, זיינען זיי ראוי אויך היינט שטודירט צו ווערען, און ספּעציעל אין מדינת ישראל, וואו די קאָמפּליצירטע פראַגען פון טראַדיציאָנעלער און רעליגיעזער געזעצגעבונג באַשעפטיגען שוין די בעסטע מוחות פון ישוב.

וועגען אַטלאַסעס מיינונג מכח דער גרויסער ראָלע פון עקאָנאָמישען פאַקטאָר אין ציוניזם און אינם ארץ ישראל ישוב, ווי אַ מיטעל צו פאַרבעסערען דעם ווירטשאַפטלעכען מצב פון די אויס־

---

*) עס איז כדאי צו ברענגען (אין איבערזעצונג) אַ גרעסערען אויסצוג פון סאָקאָלאָווס אַרטיקעל (אין „הצפירה“ צו אַטלאַסעס 50 יאָהריגען יובל): „ווען אל. אַטלאַס וואָלט געהאַט מעהר צייט אָפּגעבען פאַר חכמת ישראל, וואָלטען מיר געהאַט נאָך אַ צונץ, נאָך אַ „דורות הראשונים“... צו אַטלאַס׳ן, מיט זיין תלמודישער חריפות, מיט זיינער אָריגינעלער סאַטירע, מיט זיין עכט־אידישען וויץ איז נישטאָ קיין גלייכען אין היינטיגען אידישען דור. ער איז ניט קיין מליץ, ניט קיין דרשן, ניט קיין שתדלן און ניט קיין בלל־טוער, ווייל ער איז אַ איד אַ פקח שבפקחים.“

**) זי איז געווען איינע פון די פיר טעכטער און צוויי זין פון ר׳ אליהו יוסף אַטלאַס: רחל, מינגע, די פרוי פון בען רייך, בערטהאַ האַלפּערט, שמעון אַטלאַס און ד״ר שלמה אַטלאַס.

געוואָרצעלטע (עקאָנאָמיש) אידישע מאַסען, — איז שוין פריער גאַנץ קורץ עפּעס וואָס געזאָגט געוואָרען.

אַטלאַס, אַלס אַ היסטאָריקער און דערציהער, האָט געהאַלטען, אַז דער שטודיום, דאָס קענען און וויסען, פון אידישער געשיכטע איז ניט נאָר וויכטיג אַן און פאַר זיך, איז ניט נאָר אַ זעלבסטציל, נאָר איז אַן ערשטקלאַסיגער מיטעל אין אידישען דערציאונגס סיסטעם. מיט אַנדערע ווערטער: די אידישע געשיכטע מוז און קען העלפען דערציהען דעם מענש אין איד, און דעם איד אין מענש; זי, די אידישע געשיכטע, קען שאַפען אַ יסוד און אַן אָנהאַלט פאַר אַ אידישען וועלט־און לעבענס־באַנעם, וואָס זיינען אַזוי שטאַרק נויטיג גראָד אין דער איצטיגער מיומדיקער און צערודערטער צייט. האָט ער טאַקע פאָרגעלייגט אפילו פראַקטישע מיטלען פאַר אַזאַ ציל, ווי למשל, אַז אַ חשובע, רעפּרעזענטאַטיווע קערפערשאַפט זאָל אַסיגנירען פרעמיעס פאַר די היסטאָרישע ווערק, געשאַפען מיט'ן ציל צו דינען דער אידישער דערציהונגס אַרבייט, ד. ה. דער אויפגאַבע פון אויפציהען אידישע מענשען מיט'ן פולען באַוואוסטזיין פון זייער אידענטום און פון זיין ראָלע אין מענשלעכען לעבען פון נעכטען, היינט און מאָרגען.

ווי געזאָגט, ס'איז נויטיג צו לייענען אַטלאַסעס אַרטיקלען, אין וועלכע די דערמאָנטע און אַ סך אַנדערע געדאַנקען זיינען געוועזן פאָרמולירט, — אַזוי קלאָר, מיט אַזאַ אייזערנער לאָגיק און זעהר שאַרפזיניג, אָנגעשריבען אינטערעסאַנט און באַלערנדיג ביז גאָר. ניט וויניג פון אַטלאַסעס אַרטיקלען געהערען גאָרניט צום אַרכיוו, צו דער ליטעראַטור־געשיכטע, נאָר קענען זיין באַפרוכפערענדיג, ווירקזאַם און סטימולירענדיג דווקא פאַר דער לייזונג פון די ברענענדיגסטע גייסטיגע פּראָבלעמען פון אונזער היינטיגער צייט.

אַטלאַסעס ליטעראַרישע ירושה איז נאָך אַלץ צעזייט און צעשפּרייט. זי וואַרט נאָך אויף איהר תיקון!

טאָ זאָל דאָ אַרויסגעזאָגט ווערען דער הייסעסטער וואונטש, אַז צו זיין הונדערטסטען געבורטסטאָג, וועלכען די אידישע ליטעראַרישע און וויסענשאַפטליכע וועלט וועט פייערען אין יאָהר 1951, ד. ה. אין 2 יאָהר פון איצט, זאָלען אלעזר אַטלאַסעס אַרטיקלען צוזאַמענגעקליבען און אַרויסגעגעבען ווערען אין אַ בוך. דאָס וועט זיין אַ קוואַל פון וויסען און אָנרעגונג, סיי פאַר אונזער דור און סיי פאַר די דורות נאָך אונז.

# ביבליאָגראַפיע*)

## אַרטיקלען פון אלעזר אַטלאַס


סחר היהודים בימי קדם. „האסיף", וואַרשא, תרמ"ה. עמ' 24—37.

אבן בחן, בקרת על ספרים. „האסיף", ווארשא ,תרמ"ה. עמ' 229—250.

צנא דמלי ספרי, השקפה על פני מכתבי העתים הספרותיים לישראל. „האסיף", ווארשא, תרמ"ו. עמ' 353—450.

Monatsschrift fuer Geschichte und Wissenschaft des Judentums, Berlin, 1898. Band 42, S. 567-568.

ספסל הנאשמים. „הפלס", תרס"ג: חוב' א־ב, עמ' 33, 101.

אבי דרי חושבנא. „הפלס", תרס"ג, חוב' יא־יב, עמודים 686, 741; תרס"ד: חוב' א־ג, עמודים 41, 95, 152.

המשובה הציונית. „הפלס", תרס"ד, חוב' ד־ה, עמודים 206, 281.

ממון שאין לו תובעים. „הפלס", תרס"ד, חוב' ו', עמ' 346.

מכתב להעורך של „הפלס". „הפלס", תרס"ד. חוב' י־יא, עמ' 585־586.


## אַרטיקלען וועגן אלעזר אַטלאַס


נחום סאָקאָלאָוו: „ספר זכרון לסופרי ישראל". ווארשא, תרמ"ט. עמ' 6.

נחום שטיף: „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ" (אין רוסיש). פעטערבורג. באַנד 3, זז' 393־392.

Ch. D. Lippes: Bibliographisches Lexicon. Wien, 1899. S. 15-16,

גולדין: „הזמן", 1896. 182־183.

נחום סאָקאָלאָוו: „הצפירה", ווארשא, 1902. 164.

Prof. Israel Davidson: "The Jewish Encyclopedia," New York, 1902. Vol. 2, pp. 273-274.

נחום סאָקאָלאָוו: „ר' אלעזר אטלס ז"ל". „הצפירה" (גליון ספרותי), ווארשא, 1904. 75.

א. ש. הרשברג: „לשכלול תמונתו הספרותית של מר אטלס ז"ל". „הצפירה" (גליון ספרותי), ווארשא. 1904. 87, 93.

שותלח: „פקודת אלעזר". „הפלס", תרס"ד, חוב' ט', עמ' 551.

הרב ישראל בענדט פייוולזאָהן: „גבור ואיש מלחמה". „הפלס", תרס"ה, חוב' ז', עמ' 404—413.

הרב עקיבא ראבינאוויץ: „רבים מאשימים אותנו". „הפלס", תרס"ה, חוב' ז', עמ' 404.

„לוח אחיאסף", מאסף ספרותי לשנת תרס"ה. ווארשא, תרס"ד, עמ' 19.

יחיאל קאַפּלאַן: „אוצר ישראל", אנציקלופידיא, נויארק, תרס"ז. חלק א', עמ' 248־249.

יעקב מארק: „גדולים פון אונזער צייט". ניו־יאָרק, 1927. זז' 271—276.

Prof. Isaak Markon: "Juedisches Lexicon." Berlin, 1927. Band 1, S. 556.

ד"ר י. שמחוני: „אשכול", אנציקלופדיא ישראלית. ברלין, 1932, כרך ב', עמ' 129.

"The Universal Jewish Encyclopedia," New York, Vol. 1, pp. 600.

„אנציקלופדיה כללית", הוצאת „מסדה", תל־אביב. כרך ראשון, עמ' 202־203.

Prof. Meyer Waxman: "A History of Jewish Literature." New York, 1941. Vol. 4, pp. 453.

דר. הערמאַן פראַנק: „א. ש. זאקס — קעמפער פאַר פאָלקס־אויפלעבונג". ניו־יאָרק, 1945. זז' 26, 29.

נחום סאָקאָלאָוו: „פערזענלעכקייטן". בוענאָס איירעס, 1948. זז' 35.

א. ש. הערשבערג: „פנקס ביאַליסטאָק". ניו־יאָרק, 1949, זז' 414־415.


*) די דאָזיגע ביבליאָגראַפיע איז ניט קיין פולע, ווייל ס'איז, ליידער, ניט מעגליך געווען צו געפינען אין שיקאַגאָ די יאָהרגאַנגען פון „הכרמל", „הצפירה", „היום", „האשכול", „ספר השנה" פון נחום סאָקאָלאָוו, און אַנדערע אויסגאַבעס, אין וועלכע אַטלאַס האָט מיטגעאַרבעט. אויך די ביבליאָגראַפיע וועגען אים איז, מחמת באַגרענעצטקייט אין פּלאַץ, ניט קיין פולע. די איינצעלנע ווערק זיינע און די יאָהרען פון זייער דערשיינונג זיינען אָנגעגעבען אין דעם אַרטיקעל גופא.



# ELEAZAR ATLAS

## (1851-1904)

## Hebrew Critic and Publicist

*By*

**DR. BORIS KADER**



סעפּאַראַט־אָפּדרוק פון זשורנאַל „ביאַליסטאָקער שטימע"
ניו־יאָרק, מערץ־אַפּריל, 1949



Additional copies obtainable from the author:
DR. B. M. KADER, 5036 N. Kimball Avenue, Chicago 25, Illinois, U.S.A.

---

PRINTED IN THE U. S. A. BY
SHULSINGER BROS. LINOTYPING AND PUBLISHING CO.
21 EAST 4TH STREET, NEW YORK 3, N. Y.




ISBN:0-657-12582-2